# קאנסטיטושאן

## — דער חברה —

# „רודף שלום"




אין דזאנסטאן, פא.

דרוק פון אליקום צונזער, 156 איסט בראדוויא, ניו יארק.

# קאנסטיטושאן

— דער חברה —

# „רודף שלום"




אין דזאָנסטאן, פּא.

דרוק פון אליקום צונזער, 156 איסט בראדוויא, ניו יארק.

# אינהאלטס פערצייכנים.

## ארטיקעל .1

### פפליכטען פון דיא ברידער אלס מעמבערס.

§ .1 דער נאמען פון דער חברה זאל גערופען ווערען „רודף שלום“, און דיעזער נאמען קאן ניעמאלס געענדערט ווערען.

§ .2 ווען דיא חברה צייהלט צעהן (10) גוטשטעהענדע מעמבערס—קען דיא חברה ניעמאלס געבראָכען ווערדען.

§ .3 דיא חברה זאל געפיהרט ווערדען נישט וויינינער וויא דורך אכט (8) בעאמטע, נעהמליך: פרעזידענט, וויים פרעזידענט, טרעזשורער, פינאנץ און רעקארדינג סעקרעטארי און דרייא (3) טראסטיעס.

§ .4 אללע ביכער פון דער חברה זאלל געפיהרט ווערען אין דער זארגאָנ־שער שפראך.

§ .5 דיא מיטינגען פון דער חברה דארף שטאטפינדען יעדען 2־טען און 4־טען זאנטאג אין מאנאט, ניכט שפעטער פון $7^{30}$ אוהר אבענד, ווען דיא הויפט בעאמטע און אויך אַ קאָנסטיטוציאָנעלער צאהל מעמבערס זיינען פרעזענט, אויך זאלל יעדע דרייא (3) מאָנאטען בערופען ווערען צו אַ גענעראל מיטיטינג, דער מיטינג זאל שטאטפינדען דעם לעצטען זאנטאג אין מאנאט יאַנואַרי, אפריל און אָקטאָבער

צו וועלכען יעדער מיטגליעד זאל שריפטליך דורך דעם סעקרעטערי בענאכריכטעט ווערען.

§ 6. יעדער מיטגליעד מוז אריין בריינגען אין דער חברה ניכט וויינגער ווי צוועלף (12) דאלער יאהרליך אלס דיוס, אויסער סיטס עקספענסעס, די דיוס דארף געצאהלט ווערען צו איין (1) דאלער יעדען מאנאט, אנפאנג דעם 1־טען אפריל 1906.

§ 7. ווען אַ מעמבער צאהלט ניט זיינע דיוס פיר דרייא מאָנאטען צייט און ער וואר נאטעפייד בייא דעם סעקרעטערי, קומט ער אריין אין די ריער.

§ 8. אז אַ מעמבער איז ריקשטענדיג אין דיוס מיט נדרים פאר 3 מאנאטען צייט, דארף ער ווערען נאטעפייעד פון סעקרעטארי אז ער זאלל בעצאהלען. אין פאלל ביז דעם נעכסטען מיטינג, אז ער צאהלט ניט דעם נעכסטען מיטינג נאכדעם ער וואר נאטעפייעד, האט ער צייט דרייסיג (30) טעג נאכהער צו צאהלען, און די 30 טעג איז דער מעמבער אין דער ריער געשטעלט, און אויב ער צאהלט ניט אם ענדע 30 טעג ווערט ער אין גאנצען סוספענדירט פון דער חברה.

§ 9. יעדער מעמבער איז פערפפליכטעט מיט זיינע בעסטע מעגליכקייטען מיט צו ארבייטען אין האַרמאָני מיט דער קאָנגרעגיישאן, און איממער איין

צו שטיממען מיט דעם בעשלוסס פון דער מאיאריטעט, נייע קאנדידאטען דארפען שווערען בייא איינטריטען אלס מעמבער, אז זייא וועלען זיין טרייע מעמבערס צו דער חברה.

§ 10. ווען איין מעמבער דריקט זיך אויס מיט אונפאסענדע ווערטער געגען איין אָפפיסער אָדער אָפפיסערס פון דער חברה, אָדער געגען דער מאיאריטעט וויא אויך געגען איין איינציגען מעמבער פון דער חברה נאך איין געוויססע אבשטאמונג אין צ״ט פון מיטינג, ווערט ער מיט 50 סענט בעשטראפט.

§ 11. ווען איין מעמבער אָדער מעמבערס רעוואלטירען געגען דעם בעשלוס פון דער מאיאריטעט און טרייען צו שאדען דער חברה אין פערשיעדענע ארט און ווייזע, צום בייא שפיעל: ווען דער מעמבער אָדער מעמבערס טרייען צו אָרגאניגירען אדער ווערען אַ מעמבער אין איין אנדער קאָנגרעגיישאן אויף דעם זעלבען אַרט וויא דיא חברה „רודף שלום“ אין דער זעלבער שטאדט „דזאנסטאן פאַ“.—ווערט ער אָדער זייא סוספענדירט פון דער הברה אָהנע קיינע פראגע, זאָגאר ווען ער אָדער זייא זיינען גוט שטעהענדע מעמבערס.

§ 12. יעדער מעמבער איז פערפפליכטעט צו

אטענדען מיטינגען און האלטען זיך אין בעסטען
אָרדער נאך דיא רולס דער קאָנסטיטושאן.

§ 13. ווען אַ ברודער וויל עטוואס ריידען אין צייט
פון מיטינג, דארף ער זיין ווארט פון פרעזידענט אדער
טשערמאן פערלאנגען, און ווען ער קריגט זיין וואָרט
ברויכט ער זיך אויפשטעלען און האלטען זיין געשפרעך.

§ 14. ווען עס ווירד עטוואס פערהאנדעלט
קען איין ברודער בלויז ריידען ווענען דעם זעלבען
אינהאלט וועלכער ווערט פערהאנדעלט, און ווען
דער ברודער פאננט אן אריין מישען אין זיין געשפרעך
פערשיעדענע אנדערע אינהאלטען, קען דער פרע־
זידענט זיין וואָרט פון איהם צו נעהמען און איהם
צו אָרדער רופען.

§ 15. ווען איין ברודער האלט אין ריידען,
קען אַ צווייטער ברודער זיין וואָרט פון פרעזידענט
ניכט פאָדערען, ביז וואנען דער ערשטער ברודער
ענדיגט זיין געשפרעך.

§ 16. ווען איין ברודער שטעלט זיך ריידען
אהן דער ערלויבניס פון פרעזידענט אדער טשערמאן,
ווערט ער מיט 25 סענט בעשטראפט.

§ 17. ווען א ברודער ווערט צום אָרדער
גערופען בייא דעם פרעזידענט אָדער טשערמאן און

ווען ער טהוט ניכט זיין פפליכט, ווערט ער דאס ערשטע מאל מיט 25 סענט בעשטראפט. דעם 2־טען מאל מיט 50 סענט, דעם 3־טען מאל מיט 1 דאלער און 2 מאנאטען אין דער ריער, און דאך ווען ער קומט ניכט צום אָרדער, האט דער פרעזידענט דאס רעכט דיעזען מעמבער פון מיטינג רום ארויס צו פיהרען דורך דיא טראָסטיעס אדער דורך אנדערע מיטלען.

§ 18. אללע פיינס ווערט צוגעשטעלט צו דעם מעמבערס דיוס, און עס האט דיעזעלבע רולס וויא אללע שילדען.

§ 19. אז אַ מעמבער וואר געפיינט דרייא (3) מאל פיר שטערען דיא אָרדנונג בייא מיטינגס אָדער אין שוהל בשעת התפילה און נאכהער וויל דער זעלבער מעמבער זיך דאך ניכט אין אָרדנונג האלטען, קאן דער פרעזידענט מיט דעם וויים פרעזי־דענט ערוועהלען איין קאמיטעע פון זיעבען (7) מעמבערס וועלכע זאללען פערהאנדלען אויב דער מעמבער איז פאססענד פיר דער חברה, און אז דער רעפּאָרט פון דער קאָמיטעע זאגט אז דער מעמבער איז אונפּאססענד פאר דער חברה, האט דער פרעזידענט דאס רעכט דיעזען מעמבער פון דיא חברה ארויס צו שטרייכען.

§ 20. ווען אַ ברודער גֶעהט ארוים פֿון דער חברה דורך פערזענליכקייט געגען מעמבערס אָדער אָפפיסערס, אָדער ווען ער ווערט געשטריכען פון דער חברה פאר ניכט אָרדענטליכע אויפפיהרונגען, און ווען דער זעלבער ברודער וויל צוריק אין דער חברה ארייגטרעטען, מוז ער ניכט וויינעגער אלס צעהן (10) דאלער איינטריט געלד צאהלען און אויך מעהר, ווען דיא ברידער פערלאנגען.

§ 21. ווען אַ ברודער ווערט געשטריכען פון דער חברה פאר ניכט צאהלען דיוס און אנדערע שולדען, און ער וויל צוריק איינטרעטען אין דער חברה אלס גוטשטעהענדער מעמבער, דארף ער בעצאהלען אללע זיינע שולדען אין פולל ביז זיין ארוים טרעטען פון דער חברה, און נאכהער ווערט ער בעהאנדעלט וויא א נייער מעמבער, נור דיא חברה קאן אויב זיא וויל אריין נעהמען איהם פאר העלפט איינטריט געלד.

§ 22. קיין ברודער קאן ניכט פאָדערן אויפ־קלעהרונגען פון פרעזידענט וועגען דיא פערהאנדלונ־גען פון לעצטען מיטינג.

§ 23. אַ מעמבער וועלכער האט זיין ווארט

געפאָדערט און געקראָגען 3 מאל אין איין פערהאנדלונג, קען מעהר זיין וואָרט ניט פערלאנגען.

§ 24. ווען איין ברודער געהט ארויס פון מיטינג רום אין מיטטען איינע געוויססע דעבאטע אהן דיא ערלויבנים פון פרעזידענט, ווערט ער מיט 25 סענט בעשטראפט.

§ 25. יעדער מעמבער וועלכער ווערט סוספענדירט פון דער חברה, דארף בעפאָר גענאטעפייעד ווערען בייא דעם סעקרעטארי דורך אַ רעדזיסטען לעטער.

§ 26. ווען אַ ברודער בשולדיגט איין פרעזידענט פון דער חברה פון פערשיעדענע פאלשע אָדער ניכט קאָנסטיטוציאָנאַל, אָדער ווען ער רופט איהם שענדליכע נעמען, און ווען דער פרעזידענט צייגט מיט בעווייזע דאס דיא בעשולדיגונג איזט פאלש, ווערט דער ברודער מיט 1.00 דאלער בעשטראפט.

§ 27. ווען איין אינהאלט איזט לאנג דעבאטירט געווארען און אנדערע פראגען זיינען נאך דא צו פערהאנדלען, האט דער פרעזידענט דאס רעכט דיא דעבאטע צו שליססען, און זא שנעלל ווייא דיא דעבאטע איזט געשלאָססען, קען קיין ברודער זיין ווארט אין דיעזע דעבאטע ניכט פאָדערן.

## ארטיקעל 2.

בענעפיט פיר דיא ברידער:

§ 1. יעדער מעמבער ווען ער איז גוטשטע־הענד ווען ער פערלאנגט זיין וואָרט, מוז איהם דער פרעזידענט זיין וואָרט געבען.

§ 2. ווען זיעבען (7) גוטשטעהענדע מעמבערס פאָדערען מונדליך אָדער שריפטליך איין ספעציאל מיטינג, דארף דער פרעזידענט זייער פערלאנג ערפיל־לען און ברויכט דורך דעם רעקארדינג סעקרעטארי איין ספעציאל מיטינג רופען.

§ 3. ווענן דער פרעזידענט ענטזאגט דעם אונטערשריפט פון דיא 7 גוטשטעהענדע מעמבערס, ברויכען זייא דיא מעמבערס אפעליערען צו דעם וויים פרעזידענט, אויב דער וויים פרעזידענט ענטזאגט זייא אויך, האבען דיא מעמבערס דאס רעכט זעלבסט איין מיטינג רופען, און יעדען מעמבער בענאכריכטען שריפטליך אום וואס עס האנדעלט זיך, און דאן קענען זייא פערהאנדלען דיא פראגע דורך אַ טשערמאן.

§ 4. בייא זא איין מיטינג וועלכער ווערט גערופען פון דיא מעמבערס, קאנען זייא קיין מאל צוריק רופען פראָטאָקאָלס וועלכע זיינען פערהאנדעלט געוואָרען בייא איין רעגעלען מיטינג.

§ 5. ווען איינינע מעמבערס פאָדערען דאס וואָרט פון דעם פרעזידענט מיט איין מאל, האט דער פרעזידענט דאס רעכט ווענען פון זייא דאס וואָרט פריהער צו געבען.

§ 6. ווען אַ ברודער פערלאנגט איין אויפקלעהרונג פון פרעזידענט ווענען איין פערהאנדלונג וועלכע איז אין פראָגרעסס, ברויכט דער פרעזידענט איהם איינע גענויהע ערקלעהרונג געבען,

§ 7. אז אַ ברודער איז ריקשטעהענדיג אין דיוס דורך שלעכטע אומשטענדען, ברויכט דער מעמבער איין ביטטע צו דעם פרעזידענט שרייבען, דאן ברויכט דער פרעזידענט צו פערהאנדלען דעם ברודערס אַפפיעל דורך איינע קאָמיטטעע.

§ 8. ווען אַ מעמבער געפינט אויס דאס אַ צווייטער ברודער איז נויטה־בעדערפטיגט, ברויכט ער צו מעלדען דעם ברודערס לאגע צו דעם פרעזידענט, דאן ברויכט דער פרעזידענט גלייך אַ קאָמיטע פון דרייא (3) צו אַפּאָינטען וועלכע קאָמיטטעע האט דאס רעכט צו קאָלעקטען פון יעדען מעמבער ניכט וויינינער אלס 25 סענט, ווען איין מעמבער ענטזאגט זיך צו צאהלען, בעצאהלט דיא חברה פיר איהם און דיא 25 סענט ווערט צו געשטעלט צום

טעמפּערס דיוס. דיא קאָלעקטירטע געלד ווערט געגעבען צו דעם געפאללענעם ברודער דורך דעם פּרעזידענט און קאָמיטטעע וועלכע דארפען דאס פערהאנדלען אין געהיימניסס, זאָ דאס דער ברודער זאל ניכט פערשעהמט ווערען.

§ 9. ווען אַ ברודער איז אין טראָבעל און ברויכט בייל, איז דער פּרעזידענט פערפפליכטעט דורך דיא ברידער מיט זיינער בעסטער מעגליכקייט בייל פיר איהם צו קריגען.

§ 10. ווען אַ ברודער האט בעטראגען אָדער בעליידיגט אַ צווייטען ברודער, ברויכט דער בעליידיג־טער ברודער איין קלאגע צו דעם פּרעזידענט אריין ברענגען, און דער פּרעזידענט ברויכט דיא קלאגע דורך איין קאמיטעע צו פערהאנדלען.

§ 11. ווען איין ברודער בריינגט איין צווייטען ברודער אין קאָרט בעפאָר ער האט זיין קלאגע פאָרגעליינט פיר דיא ברידער, ווערט ער מיט פינף (5) דאלער בעשטראפט.

§ 12. אז אַ ברודער ווירד בעהיטע גאָט קראנק, דארף דער פּרעזידענט אָדער וויים פּרעזידענט איין קאָמיטטעע צו אַפּאינטען אָדער זעלבסט דעם קראנקען בעזוכען זאָ אָפט וויא מעגליך איזט. אין פאַלל אז

דיא קראנקהייט איז אנשטעקענד, קען דער קראנקער קיינע בעזוכער ניכט בעקאָממען, נור זייא זיינען פערפּפליכטעט מיט אללע מעגליכקייט צו העלפען דעם קראנקען מיט אויטסייד מיטלען.

§ 13. אין איין טאָדעספאלל ר״ל פון איין גוטשטעהענדען מעמבער אדער זיין פרויא, איזט דיא חברה פערפּפליכטעט צו געבען איין טוידטען וואגען מיט 2 קערעדזשעס, איין קערעדזש פאר דער פאמיליע פון בר מינן און איינע פיר דיא מתעסקים, קיין אויסנאהמע דארף זיין פיר ארעם אָדער רייך.

§ 14. ווען איין ברודער זיצט שבעה ר״ל ברויכט דער פרעזידענט נור צו זעהן דאס דער בעל שבעה קריגט איין מנין יעדען טאג פיר דיא 7 טעג אויך ברויכט ער צו זעהן דורך דיא הילף פון שמש, אז אַ יאָהרצייט זאל אויך האבען אַ מנין אין צייט.

§ 15. ווען דער פרעזידענט אפאינטעט אַ ברו־דער צו דעם מנין און דער ברודער ענטזאגט זיך, ווערט דער ברודער מיט 25 סענט בעשטראפט, אויסער ווען עס איז איינע וויכטיגע אורזאכע דאבייא.

§ 16. אז אַ ברודער האט יאהר צייט קוממט איהם איין עליה דעם שבת בעפאָר זיין יאהר צייט,

דער ברודער דארף אבער מעלדען דאפון צום פרע־זידענט אָדער וויס פרעזידענט פאר קריאת התורה.

§ 17. ווען אַ מעמבער איז אין דער ריער קומט איהם קיין בענעפיט, זאָנדערען קרקע.

§ 18. ווען איין גוטשטעהענדער מעמבער פאהרט ארויס אין אַ צווייטער שטאדט, קאן דיא חברה וואוטען דיזען מעמבער פאר דיא רעכט פון האנארארי מעמבער, און דיזער מעמבער ברויכט קיינע דיוס צו צאהלען.

§ 19. אַ האנארארי מעמבער איז ניכט אינ־טייטעלט צו קיין בענעפיט אויסער קרקע, און האט אויך קיין וואָרט, נור בלויז דאן ווען דער פרעזידענט וויל איהם בעעהרען מיט אַ וואָרט, ער קאן אבער ביי וואָהנען מיטינגען.

§ 20. ווען אַ האנארארי מעמבער וויל צוריק אַ גוטשטעהענדער מעמבער ווערען, קען עס בעקומען ווען ער פאנגט אן זיין דיוס צאהלען, ער ברויכט קיינע איינקויפגעלד צו צאהלען ביי צוריק ווערען גוטשטע־הענדער מעמבער.

## ארטיקעל 3.

פפליעטען פון דיא ברידער בשעת התפלה:

§ 1. ווען איין מאן, אַ ברודער אָדער פרעמדער

קומט אין שוהל דאַוונען שבת אָדער יו"ט, בּרויכט ער געהן ריין געקליידעט.

§ 2. ווען איין מאַן, ברודער אָדער פרעמדער קומט אין שוהל ניכט ריין געקליידעט, האַט דער פרעזידענט דאס רעכט איהם הייסען ארויס פיהרען פון שוהל דורך עני מיטעל, אויססער דער פרעמדער מאן איז ניכט אימשטאנד בעסער זיך אַנצוקליידען.

§ 3. יעדער ברודער אָדער פרעמדער, וועלכער קומט אין שוהל דאַוונען, מוז זיך אָרדענטליך אויפ־פיהרען, ניכט האבען קיינע פריוואט געשפּרעכען, ניכט ארום שפּאַציערען איבערען שוהל הין אונד צוריק, וויא אויך צו האלטען זיין פלאטץ אין דער צייט פון גאנצען דאוונען, אויך ניכט לעזען קיינע צייטונגען א. ז. וו.

§ 4, ווען אַ ברודער אָדער פרעמדער פיהרט זיך ניכט אויף אָרדענטליך אין שוהל, און ווען ער בעליידיגט איין אָפּפיסער וועלכער רופט איהם צו אָרדער, בּרויכט דער אָפּפיסער רעפּאָרטען וועגען דעם צו דעם פּרעזידענט, און דער פּרעזידענט האט דאס רעכט דיעזען מאן צו פיינטען, און אויך אויסווייזען איהם פון שוהל ווען נויטיג איזט.

§ 5. ווען אַ מעמבער פיהרט זיך ניכט אויף

אָרדענטליך בשעת התפלה, האט דער פּרעזידענט, וויים פּרעזידענט אָדער טשערמאן מיט איהם צו האנדלען וויא בשעת מיטינג.

### ארטיקעל 4.

#### אויפנאהמע פון מיטגליעדער.

§ 1. דער קאַנדידאט פיר א מעמבערשיעפּ דארף זיין ניט אינגער פון 18 יאהר.

§ 2. יעדער קאנדידאט מוז וויינינגסטענס 6 מאָנאטען אין לאנד זיין, און מוז איין גוטען מאָראַ־לישען כאראקטער האבען אויך קערפּערליך געזונד זיין. ווען ער פערהייראט איזט מוז ער זיין צו אַ בת ישׂראל כדת משה וישראל געטרויט זיין, און מוז זיין אימשטאנד זיך און זיינע פאמיליע צו ערנעהרען.

§ 3. ווען אַ קאנדידאט אין דיעזער חברה זיך אנשליססען וויל, דארף דיעזער קאנדידאט דורך אַ ברודער פּאָרגעשטעלט ווערען דורך איין אפּליקיישאַן.

§ 4. דער קאנדידאט ברויכט ריכטיג זיין נאמען, עלטער, האנדעל, וואָהנונג, פערהייראט אָדער סינגעל דורך דעם פּאָרשטעללער אין דער חברה אריין שיקען, און דאצו איין דאלער פּאָרשלאג געלד.

§ 5. ווען דער פארשלאג איז אנגענוממען, ברויכט דער פּרעזידענט איין קאָמיטטעע פון 3 צו

אפּאָינטען וועלכע קאָמיטעע האט דיא פּפליכט ריכטיג נאך צוזעהען איב דער קאנדידאט האט זיך ריכטיג רעפּרוזענטירט, און איב ער איז גינסטיג אין דער חברה אריין צו קוממען.

§ 6. ווען דיא קאָמיטעע ברייגנט אריין איין גיטען בעריכט, ווערט דער קאנדידאט אנגענומען בייא מאַיאריטעט וואוטס אָדער דורך באַלאָטירונג.

§ 7. ווען דער קאנדידאט פאלט דורך, קריגט ער זיין פאָרשלאגס געלד צוריק, ווען ער ווערט עלעקטעד ברויכט ער אויך דעם באַלאַנס צו בעצאהלען.

§ 8. ווען איין גינסטיג באלאטירטער קאנדידאט ערשיינט ניכט צום איינפיהרונג אין מעמבערשיפּ פיר 2 מיטינגען, פערליערט ער זיינע פאָרשלאגס געלד און קען ניט פאָרגעשלאגען ווערען אַ צווייטען מאל, בעפאָר 6 מאָנאט צייט.

§ 9. איין צוריק געוויעזענער קאנדידאט קען אַ צווייטען מאל פאָרגעשלאגען ווערען מיט 6 מאנאטע שפעטער נאך דיא ערשטע פאָרשלאגונג.

§ 10. אַ זאחן פון אַ מיטגליעד ווען ער איזט שוין 18 יאהר אלט און פיהרט זיך אנשטענדיג, קען ווערען א ברודער אין דער חברה מיט העלפט איינטריט געלד

§ 11. יעדער קאנדידאט אָדער מעמבער מוז קויפען אַ קאָנסטיטוציאָן בוך, און דאפיר בעצאהלען דער חברה 25 סענט.

§ 12. דיא פרייז פאר איינטריט געלד אלס מעמבער אין דער חברה „רודף שלום“, איזט בע־שטעטיגט געווארען אויף פינף דאלער $5.00, און דער מעמבער איזט אינטייטעלט צו אללע בענעפיטס פון דער חברה.

בעמערקונג. בייא אריין טרעטען אין דער חברה פון אַ נייען מעמבער דארף דער פרעזידענט אָדער טשערמאן איינשווערען דעם נייען מעמבער מיט פאָלגענדער שבועת:

איך (נאמע) שווער: דאס איך קום אריין אין דיזער חברה מיט א ריינעם געדאנקען צו בעלאנגען, און זיין אַ מיטגליעד פון אונזער חברה „רודף שלום“, איך בין ניט אויססען מיט מיין איינטרעטען אין דיעזער חברה וועגען ביזנעס אנגעלעגענהייטען, אָדער אנדערע אורזאכען וועלכע איז ניכט אנשטענדיג פיר איין מעמבער פון חברה „רודף שלום“. דאס איך וועלל ניעמאלס טהון אָדער פעראורזאכען אויף קיינע אַרט און ווייזע, וועלכען אַקט וואס וועט פיללייכט שאַדען דער קאָנגרעגיישאן, דאס איך וועלל ניעמאלס טהון

אין וועלכען הינזיכט פארטייאיש, דאס איך וועלל גלייכגילטיג עקסעפטירען שטראפען און בענעפיטס, דאס איך וועלל אללע פערהאנדלונגען פון דיעזער חברה סעקרעט האלטען און קיין פרעמדען איבער־געבען, דאס איך וועל איממער אנוועגדען מיין בעסטע מעגליכקייט מיט צו העלפען אונזער געמיינדע און ברענגען דיא געמיינדע איממער פארווערטס, זא העלף מיר גאטט, אמן.

## ארטיקעל 5.

### נאמינניישאן פון אפפיסערס.

§ 1. נאמינניישאן אף אפפיסערס פיר איין יאהר צייט ברויכט שטאטפינדען בייא דעם ערשטען מיטינג נאך ראש השנה, און ביים נעקסטען מיטינג באלאטירט מען אויף דיא נאמענים.

§ 2. ווען א ברודער בעלאנגט צו דער חברה וויניגער וויא 6 מאנאטע צייט, אדער א ברודער וועלכער איז אין דער ריער, קאן ער פיר קיין אמט ניכט נאמענירט ווערען, אויססער סעקרעטארי ווען ער איזט ניכט אין דער ריער ברויכט ער קיינע 6 מאנאטע פון דיא מעמבערשיפ ווארטען.

§ 3. פריינדע ביז קאזוענס קאנען ניט האבען איין אמט אין דער חברה אין דעם זעלבען יאהר.

§ 4. דער פרעזידענט דארף נאכזועהן אז דיא נאמינײשאן זאל צו געהן ריכטיג אין אָרדנונג.

§ 5. ווען אַ ברודער נאמינירט יעמאנדען פיר איין אָפפיס, ברויכט דיא נאמינײשאן זיין געסעקענד בייא איין צווייטען גוטשטעהענדען מעמבער.

§ 6. אַ ברודער וועלכער איז אין דער ריער קאן ניכט נאמינירען איין צווייטען ברודער פיר איין אמט; און קאן אויך ניכט סעקענדען דיא נאמינײשאן פון אַ צווייטען ברודער

§ 7. אַ ברודער קאן נאמינירט ווערען פאר אירגענד איין אָפפיס זאָגאר ער איז ניכט פרעזענט בייא דעם מיטינג פון נאמינײשאן אפ אפפיסערס, אבער ער קאן ניט עלעקטעט ווערען זאָלאנג ער נעהמט ניכט אן דיא נאמינײשאן, דער קאנדידאט מוז מונדליך אָדער שריפטליך בענאכריכטען דער חברה אין דער צייט פון נאמינײשאן ביז עלעקשאן אויב ער נעהמט אן דעם אמט.

## ארטיקעל 6.

### עלעקשאן און אינסטאלײשאן אָפ אפיססערס.

§ 1. בייא עפנען דעם עלעקשאן דארף דער פרעזידענט אפאינטען אַ קאָמיטעע פון 3 ברידער, וועלכע דארפען דיא עלעקשאן ריכטיג צו אטענדען,

און פאַרצולעזען דיא נעמען פון דיא אלע קאנדידאטען.

§ 2. יעדער ברודער קען בלויז איין שטימם צעטעל אב געבען.

§ 3. זאָ שנעלל וויא דער באַלאַט איזט גע־שלאָססען קען קיין ברודער מעהר ניכט באַלאָטירען.

§ 4. דיא וואהל קאָמיטע מוז ריכטיג זיך ערקונדיגען וויא פיעל שטיממען עס איזט נעגעבען געוואָרען.

§ 5. ווען אַ ברודער האט 2 מאל באלאטירט פיר דעם זעלבען קאנדידאט, ווערט ער מיט איין דאלער (1,00) בעשטראפט, און ער קאן מעהר אין דיעזער עלעקשאן ניכט וואוטען.

§ 6. איין אָפיססער קאן ערקלעהרט ווערען אלס געזעצליך עלעקטעד, ווען ער האט מעהר אלס העלפט שטיממען פון דיא מעמבערס וועלכע זיינען פּרעזענט אין לאָקאל. אין פאלל אז לויפען איינגע מעמבערס פאר איין אמט, דאן פאללט אב דיעזער קאנדידאט וועלכער האט דיא וויינגסטע צאהל שטיממען. אין פאלל אז 3 אָדער מעהר קאנדידאטען לויפען פאר איין אמט און איינער פון זייא האט דיא מעהרסטע צאהל שטיממען, און דיא איבריגע 2 האבען צו גלייכען צאהל שטיממען, דאן ברויכט

אללע מעמבערס וועלכע זיינען פרעזענט אין לאָקאל באלאטירען פון דאס נייא פיר דיא 2 קאנדידאטען וועלכע האבען צו גלייכען צאהל שטיממען, און ווער פון זייא ביידע עס קריגט דיא קלענערע צאהל שטימען פאללט דורך, און דאן מוזען אללע מעמבערס נאך אמאל באלאטירען אויף דעם ערשטען קאנדידאט וואס האט געהאט דיא גרעסטע צאהל שטיממען און אויף דעם צווייטען קאנדידאט וועלכער איז געבליבען ביי דיא מעהרערע שטיממען, און ווער פון זייא ביידע עס קריגט מעהר וויא דיא העלפט שטיממען וועלכע זיינען פרעזענט אין לאָקאל, ברויכט דער סעקרעטארי פארלעזען מיט וויא פיעל שטיממען ער האט מעהר אלס דער צווייטער, און דער קאנדידאט ווערט ערקלעהרט דורך דעם פרעזידענט אלס געזעצליך עלעקטער.

§ 7. דער אלטער פרעזידענט דארף אבגעבען אללע דאקומענטען און ביכער צו דעם נייען פרעזידענט באלד נאך דיא אינסטאליישאן׳

§ 8. דיא אינסטאליישאן אָפ אָפיססערס קומט פאר דעם מיטינג נאך עלעקשאן.

§ 9. דער מיטינג פון אינסטאליישאן ווערט געעפנעט ביי דעם אלטען פרעזידענט, דער אלטער

פרעזידענט דארף פאַרשטעלען דעם נייעם פרעזידענט פאר דער חברה, און דארף פאַרלעזען פיר איהם דיא דיא פפליכטען פון אַ פרעזידענט, דאַן קוממ דאס זעלבע פאַר דעם וויס פרעזידענט, סעקרעטארי, טרעזשורער און טראַסטיעס, פיר יעדען פון דיא בעאמטע דארף דער פרעזידענט פאַרלעזען זייערע פפליכטען לויט דיא קאָנסטיטושאַן. דאן דארפען זיך דיא אללע נייע אָפיססערס שטעללען זיך אין צייל און זייא דארפען ערהאלטען דיא פאָלגענדע שבועה פון אלטען פרעזידענט:

איך (זאגט זיין נאמען) שווער: דאס איך וועל פון הייטע ביז דיא ענדע צייט פון מיין אָפיסס; זיין טרייא און אבגעגעבען צו דיא פפליכטען פון מיין אפיכס, דאס איך וועל טהון אללעס אין מיין מעגליכקייט פיר דיא בענעפיט דער חברה, דאס איך וועל קיין מאל אומזיסט בעליידיגען אַ ברודער אָדער וועל זיין פערזענליך נענען איין ברודער אָדער ברידער, איך וועל רעספעקטירען און ערפיללען אללע אבשטימונגען און בעשלוס פון דער חברה, דאס איך וועל היטען אלע רולס און רעגוליישאנס פון דער קאָנסטיטושאַן, איך וועל טהון מיין בעסטע צו האלטען אחדות און שלום אין דער חברה, דאס איך וועל טהון אללעס וואס וועט

נור זיין אקרעדיט צו דער חברה, און וועל אנווענדען מיינע בעסטע מעגליכקייטען צו ברענגען דיא חברה פאָרווערטס, זאָ העלף מיר גאָט, אָמן.

דאן שטעלט זיך דער אַלטער פרעזידענט מיט דיא איבריגע אלטע און נייע אָפיססערס אין צייל און בענריכסען זיך איינציגווייס און געבען אב זייערע עמטער צו דיא נייע אָפיססערס.

§ 10. ווערענד עס קומט פאָר דיא צערע־מאָניע מיט דער שבועה דארפען אללע מעמבערס אויפשטעהן פון זייערע פלעטצער ביז דער נייער פרעזידענט זעטצט זיך אויף זיין אמט שטוהל און רופט צו אָרדער.

§ 11. ווען דער פרעזידענט קומט ניכט צו דיא נאמינייישאן, עלעקשאן און אינסטאללייישאן אָב אָפיס־סערס, ווערט אפאינטעט אַ טשערמאן אויף זיין פלאץ.

ארטיקעל 7.

פפליכטען פון פרעזידענט.

§ 1. דער פרעזידענט איזט פערפפליכטעט צו קוממען יעדען מיטינג, און דיא מיטינגען ריכטיג אטענדען און פינקטליך צור צייט עפנען.

§ 2. ווען דער פרעזידענט קוממט ניכט צום מיטינג דרייא מאל נאך אנאנדה, ווערט ער אָהנע

דעבאטעס סוספענדירט פון זיין אמט, אויסבער קראנקהייט און אבוועזענד פון דיא שטאדט.

§ 3. דער פרעזידענט דארף דורך דעם האמער־שלאג ע־קונדינגען אז דער מיטינג איזט אפפען, אויך דורך דעם האממערשלאג דיא ברידער צו ארדנונג רופען.

§ 4. דער פרעזידענט זאלל זעלבסט אדער זעהן צו אפפאינטען א מאן אויף אללע שבת צו קומען אין שוהל און נאכצוזעהן אז אללעס זאלל צו געהן אין ארדנונג, און דארף געבען רעכנונג פון דיא געלדער פיר עליות און נדרים צום סעקרעטאר יעדען זאנטאג.

§ 5. דער פרעזידענט איזט פערפפליכטעט דיא ארדענונג אין שוהל אדער בייא מיטינג אם שטרענגסטען צו האלטען.

§ 6. אללע ארדערס פון דער חברה דארף זיין אונטערגעשריבען פון פרעזידענט און סעקרעטארי, נור דער פרעזידענט האט דאס רעכט אויבצוצאהלען (אויב נויטהיג איזט) ביז 10 דאלער אהנע איין מיטינג.

§ 7. ווען דער פרעזידענט ברענגט א קלאגע געגען איין ברודער, דארף ער זיין טשער אלס פרעזידענט פערלאססען, און איין טשערמאן אויף זיין פלאטץ אפפאינטען,

§ 8. דער פרעזידענט האט דאס רעכט צו

יעדער צייט ווען ער פינדעט פיר נויטהיג איין כפעציאל מיטינג צו רופען.

§ 9. דער פרעזידענט דארף דעם ריער ליסט בייא זיך האלטען.

§ 10. דער פרעזידענט האט דאס רעכט צו יעדער צייט דיא ביכער פון סעקרעטארי צו נעהמען.

§ 11. דער פרעזידענט דארף ערוועהלען איין פינאנס קאמיטע פון 3 גוטשטעהענדע מעמבערס, 1 טשערמאן און 2 קאמיטע לייט, וועלכעס דיא קאמיטע ברויכט אב געבען איין רעפארט צו דער חברה פון אללע פינאנסען אנגעלעגענהייטען צו יעדען דזשענעראל מיטינג, 4 מאל דורך דעם יאהר.

§ 12. ווען דיא קאמיטע טהוט ניכט איהר פפליכט, ווערט יעדער קאמיטע מאן מיט 50 סענט בעשטראפט, און דער פרעזידענט האט דאס רעכט איין אנדערע קאמיטטע צו אפאינטען.

§ 13. דער פרעזידענט דארף רעספעקטירען אללע פיינס וועלכע זיינען ארויסגעגעבען פון דעם אלטען פרעזידענט געגען איין ברודער אדער געגען פיעלע בריעדער, ער האט קיין רעכט צו שענקען א ברודער אפיין אדער בעפרייען א ברודער פון דער ריער, זא לאנג דער ברודער איזט געפיינט געווארען

דורך דעם אַלטען פרעזידענט. ער האט אבער יא דאס רעכט צו שענקען אַ פיין וועלכע א מעמבער איזט געפיינט געוואָרען פון אַ טראָכטיע.

§ 14. ווען איין קלאַגע ווערט געבראכט געגען דעם פרעזידענט פאן איין ברודער אָדער פיעלע ברידער, דארף דער פרעזידענט זיין טשער פערלאססען און אויף דער קלאגע צו ענטפערען, דער ווייס פרעזידענט אָדער אַ טשערמאן דארף נעהמען דעם פרעזידענטס פלאץ אום דיא פראגע צו פערהאנדלען.

§ 15. ווען דער פרעזידענט ענטזאגט זיך צו פערלאססען דעם טשער, דאן קאן אַ מאאַיאָריטעט ברודער אפפאַינטען אַ טשערמאן וועלכער האט דאס רעכט צו שטראפירען דעם פרעזידענט ביז דרייא (3) דאלער פיר ניכט וועללען פערלאססען דעם טשער. דער טשערמאן האט דאס רעכט דעם ברודערס קלאַגע געגען פרעזידענט צו פערהאנדלען, און דער שולדיגער ווערט בעשטראפט נאך דיא רולס דער קאָנסטיטושאן. און זאָ איין קלאַגע געגען אַ פרעזידענט ווערט דער פרעזידענט פערהאנדעלט זאָ וויא איין איינפאַכער מעמבער.

§ 16. ווען אַ פרעזידענט בעצאהלט ניכט

זיינע פיינס, קאן ער אויף דעם צווייטען יאהר פיר
קיין אָפפיס ניכט נאמענירט ווערען.

## ארטיקעל 8.

פפליכטען פון וויים פרעזידענט.

§ 1. דער וויים פרעזידענט איזט צו הילפע
דעם פרעזידענט, אין דעם פרעזידענטס אבוועזענהייט
דארף ער זיין שטעללע פערטרעטען.

§ 2. ווען עני אָפפיס ווערט דורך אירגענד
וועלכען צופאַלל לעער, דאן זאלל דער נעכסטער
אָפפיסער פערנעהמען דעם פלאטץ ביז דעם נעכסטען
גענעראל מיטינג, און דאן זאלל מאן עלעקטען איין
נייעם אָפפיסער אויף דעם פלאטץ ביז צו דעם
נעכסטען יערליכען עלעקשאן.

§ 3. דער וויים פרעזידענט שטעהט נאך דער
געזעטצע פון דעם פרעזידענט בייא זיין אבוועזענהייט.

## ארטיקעל 9.

פפליכטען פון דעם פינאנץ סעקרעטארי.

§ 1. דער סעקרעטאר מוז דיא בוכער אין
גוטען אָרדנונג פיהרען, אין דער ריינער זשאַרגאַני־
שער שפראך, אז אלע ברידער זאלען קענען פערשטעהן.

§ 2. דער סעקרעטער דארף שבת און יו"ט
אין שוהל זיין אום דיא געלדערפון עליות און נדרים

אין בוך פערצייכענען קאַנען, אויסער אַז ער איזט שטארק בעשעפטיגט איזט ער בעפרייט פון דיעזען פפליכט, אבער ער איזט פערפפליכטעט אב נעהמען רעכנונג יעדען זאנטאג פון פרעזידענט אָדער פון דעם מאן וועלכער איז אַפּאָינטעד פון פרעזידענט שבת אין שוהל איהם צו פערטרעטען.

§ 3. ער דארף דעם ריער ליסט דעם פרעזידענט בייא יעדען מיטינג אב געבען.

§ 4. ער דארף נאָטעפייען יעדען ברודער וועלכער איזט אין דער ריער אָדער וועלכער ברויכט סוספענדירט צו ווערען.

§ 5. ער מוז יעדען מיטינג קוממען אום אלע געלדער צו ערהאלטען, און אין בוך צו פערשרייבען.

§ 6. ער מוז צו יעדער צייט דעם בוך צום בעשלאג אב געבען צו דעם טשערמאן פון דער פינאנס קאָמיטעע אָדער צום פרעזידענט ווען נור זייא פאָדערען פון איהם.

§ 7. אללע געלדער וועלכע ער עמפפאנגט בייא אָדער בעפאָר דעם מיטינג, מוז ער אב געבען צו דעם טרעזשורער און איין רעסיט פון איהם צו נעהמען.

§ 8. דיא איננאהמען און אויסגאבען פון דער חברה מוז זיין ריכטיג און דייטליך פערשריעבען.

§ 9. בייא איין טאָדעספאַלל ר״ל דארף ער רופען דיא בריעדער נאך דער ליסט.

§ 10. ווען דער סעקרעטאר איזט אבוועזענד פאר געוויססע אורזאכען, דארף ער דיא ביכער צום פרעזידענט אב געבען,

§ 11. ווען דער פרעזידענט פאָדערט דיא ביכער פון סעקרעטארי און איין פראָטעסט איזט אריין געבראכט געווארען פ.ן דיא בריעדער אָדער פון דער פינאנס קאָמיטעע ניכט צו געבען דיא ביכער, דארף דער סעקרעטארי דיא ביכער ניכט צו געבען צום פרעזידענט ביז צום נעכסטען מיטינג, נור דער פרעזידענט האט דאס רעכט דיא ביכער צו פערזיעגלען ביז דעם נעכסטען מיטינג,

§ 12. ווען דער סעקרעטארי איזט אבוועזענד פון מיטינג דרייא מאל נאָך אנאנד, ווערט ער פון זיין אמט סוספענדירט.

## ארטיקעל 10.

### פפליכטען פון רעקארדינג סעקרעטארי.

§ 1. דער רעקארדינג סעקרעטארי מוז זיין בייא יעדען מיטינג אום אלע פערהאַנדלונגען ריכטיג

רעקאָרדען, און דיא פּראָטאָקאָלס פון דעם לעצטען מיטינג פאָרצולעזען.

§ 2. דער רעקארדינג סעקרעטארי דארף אויס רופען דיא נעמען פון יעדען מעמבער בייא איין וואוט אָדער עלעקשאָן.

§ 3. ווען דער פּרעזידענט רופט איין ספּעציאל מיטינג, דארף דער רעקאָרדינג סעקרעטארי יעדען מעמבער נאָטעפייען בייא פּאָסטיל קאַרדס.

§ 4. ווען דער רעקאָרדינג סעקרעטארי פער־שרייבט ניכט ריכטיג דיא פּראָטאָקאָלס און קומט ניכט נאך זיינע פפליכטען ווערט ער פון זיין אמט סוספּענדירט.

## ארטיקעל 11.

### פפליכטען פון טרעזשורער.

§ 1. דער טרעזשורער מוז יעדען מיטינג קומען אום אלע געלדער צו ערהאלטען און זאָלכע קוויטירען.

§ 2. ווען עס קוממט איין אָרדער צו דעם טרעזשורער מיט דיא אונטערשריפט פון פּרעזידענט און סעקרעטארי, דארף ער גלייך אויסצאהלען.

§ 3. דער טרעזשורער דארף געבען צו דער חברה איין שריפטליכע סעקיוריטי פיר דיא סוממע

פון 500 דאלער, דיא סעקיוריטע דארף זיין אינדארסט ביא ריעל עסטייט סעקיוריטי.

§ 4. ווען דער טרעזשורער האט ביא זיך איבער 50 דאלער און ברויכט עס ניכט אויסצוצאהלען, דארף ער דאס געלד אין בּינק דעפּאָזיטען, אויך דארף ער ביא יעדען גענעראל מיטינג ציינען דיא באנק ביכער.

§ 5. דער טרעזשורער האט קיין רעכט ניט קיינע חברישע געלדער צו אינוועסטען פיר זיינע אייגענע נוטצען.

§ 6. יעדע 3 מאָנאטע דארף ער זיין בוך צו דער פינאנס קאָמיטעע ציינען און מיט זייא איין ריכטיגען חשבון מאכען.

§ 7. ווען דער טרעזשורער קומט ניכט צו 3 מיטינגען נאכאנאנד ווערט ער פון זיין אמט סוספענדירט

§ 8. אויב דער טרעזשורער היט ניכט זיינע פפליכטען, ווערט ער פון זיין אמט סוספענדירט.

9. ווען דער טרעזשורער קומט ניכט צו 1 מיטינג, ווערט ער מיט 25 סענט בעשטראפט.

## ארטיקעל 12.

### פפליכטען פון דיא טראָסטיעס.

§ 1. דיא טראסטיעס מוזען זיין אנוועזענד ביא

דעפאזימינג און דראינג געלד פון בּיינק.

§ 2. דיא טראָסטיעס מוזען זעהן צו האלטען אָרדער אין שוהל און בייא מיטינגס.

§ 3. ווען איין ברודער פאָלגט ניכט דעם אָרדער פון אַ טראָסטיע, האט דער טראָסטיע דאס רעכט דעם ברודער מיט 25 סענט בּעשטראפען.

§ 4. ווען אַ טראָסטיע פאָלגט ניכט דעם אָרדער פון אַ פּרעזידענט, ווערט ער דאס ערשטע מאל מיט 25 סענט בעשטראפט, דעם צווייטען מאל מיט 50 סענט, דעם דריטען מאל מיט איין דאלער און ווערט אויך פון זיין אמט כוספענדירט.

§ 5. וועגן איין טראָסטיע בּעליידיגט דעם פּרעזידענט, ווערט ער מיט איין דאלער שטראפירט און פון זיין אמט סוספּענדירט.

§ 6. ווען איינער פון דיא אָפיססערס ערשיינט ניכט פאר רעגעלע 3 מיטונגען נאך דער רייהע, ברויכט איהם דער סעקרעטארי נאָטעפייען שריפטליך אָדער מונדליך ער זאל קומען צום 4־טען מיטינג און אבגעבען דין וחשבון ווארום ער וואר אבסענד דיא דיא פאָ־יגע מיטינגען. אויב דיא אורזאכע זיינען ריכטיגע ווערט ער ענטשולדיגט, אויב ניט האט דיא

חברה דאס רעכט צו שטראפירען דעם אָפיססער אדער גענצליך איהם סוספענדירען פון אמט.

### ארטיקעל 13.

#### פפליכטען פון שמש.

§ 1. איין שמש דארף געוועהלט ווערען בייא איין ספעציאל אָדער גענעראל מיטינג פיר אַ גאַנץ יאהר צייט מיט אַ בעשטימטעס געהאַלט.

§ 2. דער שמש דארף אין שוהל דער ערשטער און דער לעצטער זיין. ער מוז דיא שוהל און תלמוד תורה רייניגליך און אין גוטען אָרדנונג האלטען, און וואס דער פרעזידענט אָדער אנדערע אָפיסערס אין דעם פרעזידענטס אבוועזענהייט הייסען איהם מוז ער טהון.

§ 3. ער דאַרף זיך געפינען בייא איין קראנקען אָדער בייא איין בר מנן ר״ל, ער מוז ארויס פאהרען אויף דעם בית עולם צו איין לויה ר״ל, און פאר זיין טראָבעל זאל ער בעקומען פון דער חברה 2$ טעגליך.

§ 4. ער מוז זעהן דאס בייא איין אָבל אָדער יאהר צייט זאל אַ מנין זיין לויט פּאַראַגראַפס 14, 15 און 16 ארטיקעל 2.

§ 5. ער מוז אָפט בעזוכען דעם פרעזידענט און דעם פינאנס סעקרעטארי.

§ 6. בעפאָר דער שמש נעמט אן זיין שטעלע

זאל דער פרעזידענט איהם פאַרלעזען אללע זיינע פפליכטען, און ווען ער צופריעדען איזט דאן זאלל ער עלעקטעד ווערען.

§ 7, ווען דער שמש אטענד ניכט ריכטיג צו דיעזע אללע זאכען, האט דיא חברה דאס רעכט צו יעדער צייט איהם ענטלאססען פון זיין שטעללע.

ארטיקעל 14.

גענעטצע פון פערקויפען און פערענטען סיטס אין שוהל.

1. דער יעניגער וועלכער וויל קויפען אַ סיט אין שוהל מוז זיין פערהייראט כדת משה וישראל.

2. יעדער איד קען קויפען איין סיט סייא פערהייראט סייא סינגעל אָבוואָהל ער איזט ניכט קיין מעמבער צו דער חברה „רודף שלום“, נור מיט בעדינג אז דער סיט האלדער איזט פערפפליכטעט איין פרעמדען יערליך צום שוהל דיא זעלבע צאהלונגען וויא אַ מעמבער, נעהמליך, דיוס, טעקסעס א. ז. וו.

3. ווען איין אויסזיידער קויפט אַ סיט אין שוהל און צאהלט ניכט דיא זעמטליכע צאהלונגען אין פערלויף פון 6 מאָנאטע צייט, האט דיא חברה דאס רעכט צו עקטען וועגען זיין סיט.

§ 4. ווען אַ מעמבער קויפט איינינע סיטס, קאן ער נור געברויכען זייא פיר זיינע קינדער ביז זייא

הייראטהען, און ברויכט נור צאהלען געוועהנליכע מעמבער צאהלונגען נור פיר 1 סיט, ער האט דאס רעכט זיינעם איין פערוואנדטען אדער זיינעם אַ וויזימאַר פון אויססערען שטאדט צו זעטצען אויף זיינע סיטס, זאָגאר אום ר״ה ויו״כ עס איזט אבער זעהר שטרענג פארוועהרט צו פערדענטען זיינע סיטס צו יעמאנדען און אויך ניכט ארויף לאזען אויף זיינע סיטס קיינע דזאנסטאנער איינוואָהנער און פון איהר אומגעגענד אום ניכט צו שטערען דעם פראָפיט פון דער שוהל.

§ 5. איין אויטסייער האט דאס רעכט צו קויפען איינינע סיטס אין שוהל, נור יעדער סיט דארף איינברענגען דיא רעגוללע מעמבער צאהלונגען.

§ 6. ווען אַ ברודער אָדער אויטסיידער וויל פערקויפען זיין סיט, קאן ער פערקויפען צו יעדען איינציגען איד נאך דער קאָנסטיטושאן דער חברה, מיט דעם בעדינג אז אללע זייגע שולדען צו דער חברה אָדער צו דער שוהל זיינען בעצאהלטע.

§ 7. ווען אַ מעמבער מופט פון דזאנסטאן און וויל מעהר קיין מעמבער זיין, ברויכט ער צאהלען טעקסעס פון זיין סיט 6 דאלער אַ יאהר, אויב ער וויל ניט צאהלען דיא 6 דאלער האט דיא חברה דאס רעכט זיין סיט צו פערדענטען און דער בנעפיט

בעלאנגט צו דער חברה, דיא 6 דאלער דארף געצאהלט ווערען ביז ר"ח אלול דאס זעלבע יאהר.

§ 8. בריעדער וועלכע טרעטען ארוים פון דער חברה דורך פערשיעדענע אורזאכען אָדער ווען זייא ווערען געשטריכען פון דער חברה, און ווען דיעזע לייטע צאהלען ניכט זייערע טעקסעס, דאן, ווען דער באלאנס פון דיא יאהרליכע טעקסעס און אנדערע שולדען בעטרעפען דיא ווערטה פון דעם סיט, האבען דיא בריעדער דאס רעכט דעם סיט צו פערקויפען אום דיא שולדען איין צו נעהמען.

## ארטיקעל 15.

### געזעצע פון חברה קדישא.

§ 1. דיא חברה „רודף שלום" דארף ערוועהלען אַ חברה קדישא פון 4 פערזאָן. צווייא גבאים, גבאי ראשון און שני, און צווייא מתעסקים.

§ 2. דיא חברה קדישא דארף עלעקטעד ווערען אויף 1 יאהר צייט, און דארפען עלעקטעד ווערען אין דער זעלבער צייט ווען דיא עלעקשאן אָוו אָפיכסערס אין דער חברה שטאטפינדעט.

## ארטיקעל 16.

### פערבעססערונג דער געזעטצע.

§ 1. קיין טהייל פון דיעזען געזעטץ בוך קאן

אויף אירגענד איינע וויזע צוריק גערופען, פערניכטעט פערענדערט אָדער סיספענדירט ווערען.

§ 2. אין פאלל עס איז נויטהיג איין אַרטיקעל געבעסערט אָדער געענדערט צו ווערען, דאן זאללען אללע בריעדער שריפטליך איינגעלאדען ווערען צו איין ספעציאל מיטינג אום צו דעבאטירען איבער דיעזען אינהאלט, און ווען 2 דריטעל מעמבערס דאפיר שטיממען, זאל דאס אלס געזעטץ בעטראכט ווערען.



# געשעפט פיהרונג בייא מיטינגען.

---

1 פאָרלעזונג דער בעאמטען ליסטע

2 פאָרלעזען דאס פראָטאָקאָל

3 קאָמיטעע איבער פאָרגעשלאגענע קאנדידאטען

4 באַלאָטירונג

5 איינפיהרונג נייע מיטגליעדער

6 פאָרשלאַגע נייע קאַנדידאטען

7 בעריכט איבער קראַנקע ברידער

8 זאָנסטיגע קאָמיטעע בעריכטע

9 רעכנונגען און צושריפטען

10 אונערלעדיגטע געשעפטע

11 צום וואהל און בעסטען דער חברה

12 איננאהמע און אויסגאַבען

13 שלוסס דער פערזאַמלונג.



# קאָנסטיטושאן קאָמיטע
# מיט זייער אונטערשריפט

---

1 זאב וואָלף טייטעלבוים, טשערמאן,
2 אברהם סלוצקער, סעקרעטארי,
3 ישראל שלמה האָלצמאן,
4 אברהם גאָטטדיענער,
5 שמואל ארי' קאלעט,
6 מרדכי משה בערמאן,
7 אברהם ב"ר דובער העללער,
8 יהושע העשיל סילווערסטאָן,
9 ישראל נויפאך,
10 מרדכי ווייסבערג,
11 מ. בערני.



דיא נעמען פון דיא אַפּיססערס פון דער הברה „רודף שלום“, אין דער צייט פון דרוקען דיעזער קאָנסטיטושאן אַגוסט 1906, דזאָנסטאן פּאַ.

א. ראבינאוויטץ, פּרעזידענט,

הערריַ סילווערסטאָן, וויס פּרעזידענט,

אייב העללער, טרעזשורער,

פיליפּ מייערס, סעקרעטער,

מ. וויססבערג, ערשטער טראָסטי,

ס. קאמינסקי, צווייטער טראָסטי,

מ. היפּסמאן, דריטער טראָסטי,

שמואל גארדאן שמש.



# דיא ליסטע פון דיא מעמבערס:

א

אאראָן ד.

אללען י.

אַפּפּעלבוים בּ.

ב.

בערני משה

בּערמאן דניאל

בּערמאן מאקס

בּערמאן ישראל

בּערמאן מ.

בּרומבערג שמואל

בּערגעד אברהם

בּרומבערג ישראל

ג.

גארדאן ש.

גינזבורג ש.

גאטטדיענער אברהם

געלפאַנד דוד

גלאזער ש.

גלאזער מ.

ד.

דינעוויטץ י.

ה.

האלצמאן ישראל שלמה

העללער אברהם

היפסמאן מאררים

ו.

וואָהל ל.

וואָהל מ.

ווייסבערג מרדכי

ז.

זילבּערשטיין יהושע העשיל

זוסמאן ס.

ט.

טייטעלבּוים זאב וואלף

י.

יזאקסאן ס.

ל.

לעווענט י.

לעווקאוויטץ

ליססעוויטץ

לעווין ט.

מ.

מאנושעוויטץ מ.

מאייערס פהיליפ

מיטטעלמאן ס.

מאייערס סעם

מאלאסקי שמואל

מאיראוויטץ ישראל

נ.

נייפאך ישראל

ס.

סלוצקער אברהם

פ.

פיטלער מ.

פינקעלסאהן מאקס

פישער י.

פרילינגער מ.

פיינבערג דוד

פרילינגער אי.

פרידמאן ד.

ק.

קאמינסקי חיים אליהו

קאמינסקי זרח אשר

קאמינסקי ישראל

קאפלאן מ.

קויפמאן מ.

קאללעט שמואל אריה

קאללעט טובי׳

קאהן י.

קאהן ס.

קויפמאן ב. ב.

ראבינאוויטץ יצחק

ראבינסאן ר.

ראזענבלום ש.

ראטאווסקי י.

ש.

שוכמאן זאנוויל

שווארץ יוסף

שמערין י.

שפריטצער ה.

# אונטערשריפט פון פרעזידענט מיט דעם זיעגעל פון דער חברה.

---

איך פרעזידענט פון דער חברה „רודף שלום" בעשטעטיג אז דיעזע קאנסטיטושאן איזט געמאכט געוואָרען ריכטיג נאך דעם פערלאנג פון דער חברה און אז דיעזע קאנסטיטושאן איזט אנגענוממען געוואָרען פון אללע מעמבערס דער חברה אלס עהרליכע געזעצע, און זיא טרעט אריין אין מאכט מיט צו לייגען דעם זיעגעל פון דער חברה „רודף שלום" פון הייטע.

דזאָנסטאן פא., יום ד' כ"ה תמוז התרס"ו, דעם 18טען יולי 1906

פרעזידענט דער חברה רודף שלום

**יצחק ראבינאוויטץ.**

מקום החותם